כ׳האָב נאָר די ליבע
אויפגעוועקט אין אים ;
כ׳האָב נאָר די שיינקייט
אויפגעשטראַלט אין אים, —
און דו ביזט אַלץ נאָך ניט צופרידן ?

**משה :**

ניין !

**קול :**

וואָס נאָך געבליבן
וואָס דו קאָנסט פאַרלאַנגען ?

**משה :**

איך האָב דיך, קול, די גאַנצע צייט געהערט,
כ׳וויל זען דיין פּנים ! . . .

**קול :**

מיין פּנים קען קיין שטערבלעכער ניט זען,
און בלייבן לעבן ! . . .

**משה :**

איך וויל אומשטערבלעכקייט ! . . .
כ׳וויל וויסן וואָס באַוועגט אַ האַנט, אַ פוס ;
וואָס איז דער אָטעם וואָס מאַכט דאָס האַרץ צו קלאַפּן ?
וואָס פירט דאָס בלוט אַרויף־אַראָפּ אין קערפּער ?
וואָס צינדט די תאווה אָן אין לייב פון מאַן און פרוי ?
וואָס איז די אייעלע וואָס ווערט אין מענטש פאַרוואַנדלט ?
און וואָס שטעלט אָפּ באַוועגונג פונם קערפּער ? —
כ׳וויל וויסן וואָס איז טויט,
און וואָס איז לעבן ? . . .

**קול :**

דאָס לעבן מוזטו איינשטעלן
דאָס צו אַנטפּלעקן ! . . .

**משה :**

כ׳שטעל איין ! . . .



**קול :**

דו זאָלסט אַנטפּלעקן !
ווייל דו ביזט רייף געוואָרן ! . . .
געדיינקסט ווי האָסט געציטערט פאַרן טויט,
און איך האָב צווינגען דיך געמוזט צו שטאַרבן ?
ווי כ׳האָב אַנטקעגן דיין לעבן
אַוועקשטעלן געמוזט דאָס לעבן פונם פאָלק,
און דיר געגעבן די ברירה אויסצוקלייבן ?
און דו האָסט אויסגעקליבן ריכטיק.
איצט ביזטו מענטש,
און רעדסט ווי מענטש דאַרף רעדן,
איצט ביזטו גרייט דאָס לעבן איינצושטעלן . . .
טאָ וויסן זיי :
באַ דיין געבורט,
איז אין דיין וועזן פאַרגעקומען שפּאַלטונג :
האָסט זיך געשפּאָלטן אויף חומר און אויף גייסט,
נאָך איידער כ׳האָב דעם עלעמענט געפונען,
וואָס זאָל דיך גאַנץ מאַכן צוריק . . .
און דיינע בידע טיילן
געוואָלט האָבן הערשן
איינס איבערן צווייטן . . .
די הערשאַפט פון דיין ערשטן טייל
האָט זיך פאַרענדיקט ;
און ס׳הויבט זיך אָן די קעניגרייך פון צווייטן, —
דער חומר איז באַזיגט,
דער מוח פון דער וועלט איז פריי געוואָרן ?
אין אים באַהאַלטן ליגט דער עלעמענט,
וואָס כ׳האָב געזוכט, צו קענען גאַנץ דיך מאַכן,
און דו אַליין נאָר קענסט זיין סוד אַנטפּלעקן . . .

**משה :**

וואָס דאַרף איך טאָן ?

קול:
פאַרזעצן דעם קאַמף!...

משה:
מיט וועמען?

קול:
מיט די עלעמענטן,
ווי דו האָסט עס געפירט
די גאַנצע צייט מיט חומר...
און איידער ס'ווערט
דער זעקסטער טאָג,
דאָס זעקסטע טויזנט יאָר, פאַרענדיקט,
וועסטו דעם סוד אַנטפּלעקן...

משה:
כ'וועל פאַרזעצן דעם קאַמף!...
(די זון זעצט זיך. אַ פאַרנאַכטיקער נעבל הויבט זיך אויף פון טאָל און הילט איין משהן און דעם באַרג)

(פ אָ ר ה אַ נ ג)



# ליכטיקער סוף — ליכטיקער אָנהויב

געשטאַלטן:

ווישנשאַפטסמאַן אַסיסטענט

געשטאַלט פון ליכט

(אַ ריזיקע לאַבאָראַטאָריע אויסגעשטאַט מיט די מאָדערנסטע ווישנשאַפטלעכע אַפּאַראַטן. אין דער לאַבאָראַטאָריע שפּאַנט אַרום אַ ווישנשאַפטסמאַן און מאַכט עקספּערימענטן. אַן אַסיסטענט שטייט און מישט צע־נויף פאַרשידענע וואַסערלעך. דער ווישנשאַפטסמאַן גייט צו צו אַ טעלעסקאָפּ און קוקט אַריין)

**ווישנשאַפטסמאַן:**
איך זע אים!...

**אַסיסטענט:**
וועמען, מיסטער?

**ווישנשאַפטסמאַן:**
גאָט!...

**אַסיסטענט:**
ווי קוקט ער אויס?

**וויסנשאַפטסמאַן:**

ווי מאַן און פרוי פאַראייניקט;
די גאַנצע ליבלעכקייט פון פרוי אין אים,
די גאַנצע גבורה פון דעם מאַן אין אים,
און אַלע זיינע גלידער — דאַכט זיך גלידער,
נאָר שטראַלן מיט אַזאַ פאַרבלענדעניש!...

(עס פראַלט זיך אויף די טיר באַם סאַמע עק פון דער לאַבאָראַטאָריע. אַ בלענדנדיקע ליכטיקייט טוט אַ שפּאָר אַריין. פון דער ווייט, באַם סאַמע סוף פון קאָרידאָר, שפּאַנט אַ געשטאַלט, וואָס עמאַנירט פון זיך דאָס ליכט)

**אַסיסטענט:**

מייסטער, זע!...

**וויסנשאַפטסמאַן:**

(הויבט אויף די אויגן פון טעלעסקאָפּ. קוקט געפּלעפט)
דאָס איז ער! —
מענטש־גאָט!...
ליכטיקער סוף!...
ליכטיקער אָנהויב!...

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

